דער

# ארבייטער רינג

## זיינע ציעלען און אויפגאבען



הויפט אָפיס

175 איסט בראָדוויי, ניו יאָרק.

THE WORKMEN'S CIRCLE

175 East Broadway, New York City


306

# רייטס-טאַבעלע פאַר'ן טויטען פאַנד, פון יעדע 100 דאָל. אינשורענס, פער מעמבער, פער קוואַרטאַל.

| עלטער | 1טער יאָהר | 2טער יאָהר | 3טער יאָהר | 4טער יאָהר |
|---|---|---|---|---|
| 18 | $0.18 | $0.21 | $0.24 | $0.26 |
| 19 | .18 | .21 | .24 | .27 |
| 20 | .19 | .22 | .25 | .28 |
| 21 | .19 | .22 | .26 | .29 |
| 22 | .19 | .23 | .27 | .30 |
| 23 | .19 | .23 | .27 | .31 |
| 24 | .20 | .24 | .28 | .32 |
| 25 | .20 | .24 | .29 | .33 |
| 26 | .20 | .25 | .30 | .34 |
| 27 | .20 | .25 | .30 | .35 |
| 28 | .21 | .26 | .31 | .36 |
| 29 | .21 | .26 | .32 | .37 |
| 30 | .21 | .27 | .33 | .39 |
| 31 | .22 | .28 | .34 | .40 |
| 32 | .22 | .29 | .35 | .42 |
| 33 | .22 | .29 | .36 | .43 |
| 34 | .23 | .30 | .38 | .45 |
| 35 | .23 | .31 | .39 | .47 |
| 36 | .24 | .32 | .41 | .49 |
| 37 | .24 | .33 | .42 | .51 |
| 38 | .25 | .34 | .44 | .53 |
| 39 | .25 | .35 | .45 | .55 |
| 40 | .26 | .36 | .47 | .57 |
| 41 | .27 | .38 | .49 | .60 |
| 42 | .27 | .39 | .51 | .62 |
| 43 | .28 | .40 | .53 | .65 |
| 44 | .29 | .42 | .55 | .68 |
| 45 | .30 | .44 | .58 | .72 |

די פראַטוירנעל רייטס ווערען איינגעפיהרט שטופענווייז אין פאַרלויף פון 3 יאָהר, אָנפאַנגענדיג מיט יאַנואַר 1918

# זעלבסטהילף

---

איך זינג ניט צדקה און שתדלנות
מיט זייד און סאַמעט צוגעדעקט;
איך זינג ניט „נעבאַך" און „רחמנות";
מיין הויפּט־מאָטיוו איז זעלבסט־רעספּעקט.

פאַר די, וואָס שאַפען, גליהט מיין מוזע,
פאַר די, וואָס העלפען זיך אַליין
וואָס קושען ניט דעם גביר'ס מזוזה,
אַלס בעטלער ביי זיין טהיר צו שטעהן;

וואָס עקלען זיך פון יענער „מצוה",
וואָס קומט פון אויסגעטיילטער רויב,
און האַסען טובות, שילטען קצבה,
וואָס וואַרפט אַריין דעם מענש אין שטויב.

איך זינג די אַרבייטער־פעראיינען,
וואָס וויכען פון דעם צדקה'ס קלינג —
וואָס געהען ניט פאַר רייכע וויינען
און זוכען הילף אין אייג'נעם „רינג".

אָ, זיי געגריסט, דו העלער הימעל,
דו גרויסער „רינג" מיט דיינע שטערען,
וואָס וועלצט זיך ניט אין מיטלייד'ס שימעל
און יאָמערט ניט קיין בעטלער־טרעהרען!



אַלגעמיינער אויסזעהן פון אַרבייטער רינג סאַנאַטאָריום.

# דער אײזערנער רינג

קוקט איהר אויף דער געשיכטע פון׳ם אַרביי־טער־קלאַס, מאַלט זיך אייך אַ בילד פון אַ גרויסער מחנה, וואָס געהט פון פינסטערניש צו ליכט. לאַנ־גע טעג און לאַנגע יאָהרען איז די מחנה געלעגען אין אַ וויסטער מדבר, וואו עס איז ניט געווען קיין בוים, קיין גרעזעל, קיין פרישער קוואַל. לאַנגע טעג און לאַנגע יאָהרען האָבען די מענשען גע־שמאַכטעט אונטער דונקעלע הימלען, צווישען גע־דיכטע שאָטענס, דאָרט וואו הויכע בערג מיט זאַמד האָבען פאַר זיי פאַרשטעלט די גרויסע וועלט. און איינזאַם זיינען די מענשען געווען, אָפּגעזונדערט איינער פון׳ם צווייטען, פאַרזונקען יעדערער פאַר זיך אין אַ בלייערנעם יאוש. און אַזוי זיינען יאָהרען פאַרגאַנגען.

אָבער פּלוצלונג האָט זיך אין איינעם דערוועקט אַ געדאַנק: מען דאַרף געהן, מען דאַרף זוכען אַ בעסערע וועלט. האָט ער אַראָפּגעוואָרפען פון זיך די קייטען פון יאוש, האָט אַ העלער פייער זיך אָנ־געצונדען אין זיינע אויגען, און ער איז אַוועקגע־גאַנגען וועקען זיינע נאָהענטען שכן. לאַנג האָט ער געדאַרפט ריידען צו איהם, מונטערן, דערצעהלען. אָבער סוף כל סוף האָט ער אַ פונק פון זיינע אויגען אריינגעוואָרפען אין יענעם׳ס האַרצען, און דער פונק האָט זיך צופלאַקערט, און דער מענש האָט ערוואַכט פון זיין דרעמעל, און האָט דערלאַנגט

זיין חבר אַ האַנד. און מונטער און איניניג, צוויי טייערע ברידער, זיינען זיי אַוועקגעגאַנגען וועקען די איבעריגע צעוואַרפענע מחנה.

און דאָס וואונדער איז געשעהן. און איינער נאָכ'ן צווייטען האָבען אויפגעוואַכט די מענשען, א פון איינעם צום צווייטען האָט זיך געשפּרייט דער פייער פון לעבען, פון באַוועגונג, פון באַגייס־טערונג, פון מוט. און אויפגעהויבען האָבען זיי זיך פון זייערע איינזאַמע ווינקלען, און גערופען איי־נער צום צווייטען מיט העלע,קלינגענדיגע שטי־מען, און אַנגעשלאָסען זיך איין ברודער אָן צוויי־טען — איין גרויסער, מעכטיגער רינג — און פאַר־לאָזען האָבען זיי די וויסטע מדבר און אַוועק פאָר־ווערטס, פאָרווערטס...

וואוהין?

זיי ציהט די גרויסע, ווייטע, שעהנע וועלט. ערגעץ דאָרט, אויף יענער זייט פעלדער און וועל־דער און סטעפּעס — זעהען זיי אַ לאַנד, וואו די זון שיינט אייביג, וואו די בלומען גריסען דעם הי־מעל אַלע טעג פון'ם יאָהר, וואו דער הימעל שפּי־געלט זיך אין קריסטאַלענע אָזערעס, וואו גאָלדענע שטערען וועבען אַ צויבער ביינאַכט. אַהין געהען זיי, אַהין רופט זיי דאָס האַרץ, אַהין בענקען זייע־רע אויגען.

זיי געהען. שווער איז די מדבר. טיעף איז דער זאַמד. האַרט די שטיינער. אָבער מוטיג, איי־ניג, פרעהליך געהען זיי פאָרווערטס, צום נייעם לאַנד, צום נייעם לעבען.

ווערען זיי מיעד, ווערען שוואַך זייערע קניע

— נעהמען זיי איינער דעם אַנדערענ׳ס האַנד, שליסען אַ גרויסען, אַ שטאַרקען רינג — און נייעם כח שעפּען זיי אין זייער אייניגקייט, אין זייער ברידערליכער פריינדשאַפט.

. . . . . . . . . . . . .

טראַכט מען וועגען אַרבייטער־רינג — דער־מאָנט מען זיך דאָס בילד פון אָט דער מחנה...

ס׳אַרא שטאָלצע ווערטער: דער אַ ר ־ ב י י ט ע ר ־ ר י נ ג ! אַ רינג פאַראייניגט איינצעלנע טיילען אין איין שטאַרקען פאַרבאַנד. אַ רינג איז דאָס בילד פון געשלאָסענהייט, פון קראַפט, פון ווידערשטאַנד. און אַ רינג קען זיין אין דער זעלביגער צייט איין טייל פון אַ גרויסער שטאַרקער קייט.

און אַזוי א י ז ט אַ ק י דער אַרבייטער־רינג: אַ קראַפט א י ן ז י ך און אַ גליעד אין דער גרויסער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבייטער־משפּחה. אַ גליעד פון דער גרויסער אַרבייטער־מחנה, וואָס בויט די ליכטיגע צוקונפט פון איי־ביגער פרייהייט.

ס׳איז אַ כבוד און אַ שטאָלץ צו זיין אַ מיט־גליעד פון דעם אַרבייטער־רינג.

. . .



דער האספיטאל

# פרינציפען־ערקלעהרונג פון „ארבייטער רינג“.

---

די געדריקטע מאטעריעלע לאגע פון די ארביי־טער, און די אפטע קראנקהייטען, וועלכע זיינען מייסטענס א רעזולטאט פון דעם ארבייטער׳ס עלענד און נויט, האבען ארויסגערופען אין לעבען דעם „ארבייטער־רינג“. די ארבייטער מאסען האבען איינגעזעהען, אז מיט פאראייניגטע קרעפטען און דורך געגענזייטיגע הילפע וועט זיין לייכטער צו מילדערן און אויסבעסערען אביסעל זייער אונ־ערטרעגליכע לאגע.

דער „ארבייטער רינג“ איז אבער איבערצייגט אז דלות, נויט און זייער שטענדיגער באגלייטער, די קראנקהייט, זיינען אן אונפארמיידליכע ערשיי־נונג אין׳ם לעבען פון ארבייטער ביי די היינטיגע עקאנאמישע צושטענדע און אז מיט געגענזייטיגער הילפע אליין וועט מען ניט קענען אויסראטען דיזע אלע איבלען, וועלכע זיינען פארבונדען מיט דער איצטיגער הערשענדער געזעלשאפטליכער ארדנונג. אום צו באפרייען דעם ארבייטער פון זיין שטענדי־גער מאטעריעלער און געזעלשאפטליכער אונטער־דריקונג, מוז מען שטרעבען צו ענדערען די גאנצע היינטיגע סיסטעם.

און דאריבער האט זיך דער „ארבייטער רינג“ איינגערעכענט אלס א טייל פון דער סאציאליס־טישער און טרייד־יוניאניסטישער באוועגונג און זיך געשטעלט די אויפגאבע צו העלפען דעם ארביי־טער קלאס אלס א גאנצען צו פארבעסערען די אר־בייטס־אומשטענדען, צו פארגרעסערען די ווייד־

זשעס און צו העלפען פארשטארקען זיין געזעל־שאפטליכען איינפלוס און ווירקונג אלס א גאנצער קלאס.

אויס דיעזען שטאנדפונקט איז יעדער מיט־גליעד פון „ארבייטער רינג" פערפליכטעט צו בא־לאנגען צו א טרייד־יוניאן און, ווען ער וויל אויס־נוצען זיינע בירגער־רעכטע אין צייט פון אירגענד וועלכע וואהלען, מוז ער שטימען פאר די פארטייען, וועלכע שטעלען ארויס אין זייער פראגראם אלס ענדציעל, די אפשאפונג פון פריוואט־אייגענ־טום.

דיעזע „פרינציפען־ערקלעהרונג" מוז פארגעלע־זען ווערען פון טשערמאן פון מיטינג ביי דער אויפ־נאהמע פון יעדען קאנדידאט, און נור ווען דער קאנ־דידאט ערקלעהרט, אז ער איז דאמיט איינפאר־שטאנדען, קען דער קאנדידאט אויפגענומען ווערען אלס מיטגליעד פון „ארבייטער רינג".

---

דער „ארבייטער רינג" — דאס איז די גרויסע פאמיליע, וואו יעדער ארבייטער זאל און מוז זיין א מיטגליעד.

דער „ארבייטער רינג" גיט שטיצע און ניט צדקה.

---

דער „רעגען־טאג" קען זיין מארגען, פארזארגט זיך פאר דער צוקונפט.

---

וואונדערבאר, ווי דער וואוקס פון דיעזער ארגא־ניזאציאן איז געוועזן א שטענדיגער און רעגעלמעסי־גער — אזוי זאגט דער קאמישאנער אף אינשורענס פון ניו־יארק סטייט וועגען דעם „ארבייטער רינג".

# וואָרום איהר דאַרפט באַלאַנגען צום אַרבייטער רינג.

ס'האָט קיין שטערען גיט געגלאַנצט
אין אַ וויסטער נאַכט אַ גרויער
דעמאָלט האָבען גוטע מענשען
אונז אַ בוימעלע געפלאַנצט.

דער אַרבייטער רינג איז דער איינציגער אידי־שער אָרדען אין די פאַראייניגטע שטאַאטען, וועל־כער גיט די גרעסטע צאָהל בענעפיטס פאַר די קלענסטע צאָהלונגען.

פאַר אַן ערך 3 דאָלאַר מיט 50 סענט אַ קוואַר־טאַל (דריי חדשים) אָדער נאָך וועניגער קען מען אין אַרבייטער רינג זיין פאַרזיכערט אויף 400 דאָ־לאַר טויטען־בענעפיט; 15 וואָכען קראַנקען בע־נעפיט (צו 6 דאָלאַר אַ וואָך) און אין די מייסטע ברענטשעס נאָך עקסטראַ 3 דאָלאַר אַ וואָך; 200 דאָלאַר קאָנסאַמפּשאָן בענעפיט, אויסער די 15 וואָ־כען קראַנקען בענעפיט, אָדער 9 מאָנאַטען סאַנאַ־טאָריום. אַ חוץ דעם קריגט יעדער מיטגליעד פון אַרבייטער רינג דעם מאָנאַטליכען זשורנאַל „פריינד" פריי צוגעשיקט אין הויז.

דער אַרבייטער רינג איז ניט בלויז דער איינ־ציגער א ר ב י י ט ע ר אָרדען, וואָס גיט אַזוי פיעל בענעפיטס פאַר אַזעלכע קליינע צאָהלונגען, נאָר ער איז אין דעם פּרט אויך דער איינציגער אָרדען אין אַמעריקאַ. דורך זיין עקאָנאָמישער סיסטעם פון פאַרוואַלטונג און הויפּטזעכליך דורך זיין פּרינ־

ציפ „איינער פאר אלע און אלע פאר איינעם“ איז איהם געלונגען איינצופיהרען אזוי פיעל פארשיע־דענארטיגע בענעפיטס, אין וועלכע די ארבייטער נויטיגען זיך, פאר אזא קליינעם פרייז.

דער ארבייטער רינג איז אבער ניט בלויז א פארזיכערונגס־ארדען, וואס זיין אויפגאבע איז נאר צו צאהלען בענעפיטס, ער האט זיך אויסער די בענעפיטס אויך געשטעלט גרויסע קולטורעלע און סאציאלע אויפגאבען, וועלכע ער זוכט דורכצו־פיהרען מיט ניט וועניגער ערפאלג, ווי זיינע מא־טעריעלע אויפגאבען.

אין זיין פרינציפען־ערקלעהרונג איז שוין אנ־געגעבען, אז דער ארבייטער רינג רעכענט זיך אלס א טייל פון דער סאציאליסטישער און טרייד יוני־אניסטישער באוועגונג, וואס זייער אויפגאבע איז צו העלפען דעם ארבייטער־קלאס צו פארבעסערען זיין עקאנאמישע לאגע און פארגרעסערען זיין פא־ליטישען איינפלוס אין דער איצטיגער געזעלשאפט־ליכער ארדנונג און זיין פאלשטענדיגע באפרייאונג אין דער צוקונפט.

דער ארבייטער רינג האט דאריבער פאר זיין דירעקטע אויפגאבע צו העלפען די סאציאליסטישע און טרייד יוניאניסטישע באוועגונג און מיטצוהעל־פען דעם קאמפף פון ארבייטער קלאס פאר זיין באפרייאונג.

דער ארבייטער רינג פיהרט אן א קולטורעלע און אויפקלעהרענדע טעטיגקייט שריפטליך און מינדליך. ער גיט ארויס א מאנאטליכען זשורנאל פאר זיינע מיטגליעדער, ער ארראנזשירט וויסענ־שאפטליכע און באלעהרענדע לעקטשורס, גיט ארויס יעדען יאהר וויסענשאפטליכע און נוצליכע ביכער וואס ווערען פארקויפט צו די מעמבערס אויף קאסט פרייז און שטיצט יעדע קולטורעלע און אויפקלעה־רענדע ארבייט, פון וועלכער די ארבייטער קענען פראפיטירען.

אַריינטרעטענדיג אין אַרבייטער רינג פּאַרזי־
כערט איהר זיך ניט בלויז מיט אַ גאַנצער רייה
וויכטיגע מאַטעריעלע בענעפּיטס, נאָר איהר שליסט
זיך אויך אָן צו אַן אַרבייטער־אָרגאַניזאַציאָן, וועל־
כע העלפט מיט דעם קאַמפּף פון אַרבייטער־קלאַס
צו פאַרבעסערען זיין לאַגע איצט און איינצופיהרען
אַ בעסערע און גערעכטערע געזעלשאַפטליכע אָרד־
נונג אין דער צוקונפט.

אַריינטרעטענדיג אין אַרבייטער רינג, טוט
איהר, אַלזאָ, ניט נאָר אַ גוטע זאַך פאַר זיך און
פאַר אייער אייגענער פאַמיליע, נאָר פאַר דער גאַנ־
צער אַרבייטער־פאַמיליע. איהר פאַרשטאַרקט די
רייהען פון דער אָרגאַניזירטער אַרבייטערשאַפט,
איהר העלפט די פאַרבעסערונג פון דער מאַטערי־
עלער לאַגע פון די ארבייטער און זייער קולטו־
רעלע ענטוויקלונג.

דענקט איהר ניט, אַז איהר דאַרפט זיך אָנ־
שליסען אָן דעם אַרבייטער רינג? דענקט איהר
ניט, אַז איהר דאַרפט זיין איינער פון זיינע מיט־
גליעדער?

דער אַרבייטער רינג האָט שוין היינט איבער
62 טויזענד מיטגליעדער. דענקט איהר ניט, אַז
איהר דאַרפט זיין אַ מיטגליעד פון דיעזער גרויסער
אַרבייטער־פאַמיליע?

איהר דאַרפט עס! איהר דאַרפט עס צוליעב
זיך, צוליעב אייער פאַמיליע און צוליעב דעם אַר־
בייטער־קלאַס.

אייער באַשלוס דאַרף זיין פאַרטיג. לעגט
איהם ניט אָפּ און שליסט זיך אָן צו דעם גרויסען,
מעכטיגען אַרבייטער־אָרדען, דער אַרבייטער רינג.

---

אַ יוניאָן־מאַן, וואָס באַלאַנגט צו אַ באַלעבאַטישער
לאָדזש און נישט צום אַרבייטער־רינג איז פּונקט ווי
אַ איד, וועלכער לעגט אַלע טאָג טלית און תפילין און
עסט טרפות.



פּאַציענטען'ס עס-צימער

# די פראַטווירנעל רייטס און דער אַרבייטער רינג.

---

דער אַרבייטער רינג האָט איינגעפיהרט די וויסענשאַפטליכע סיסטעם פון די זאָגענאַנטע „פראָ־טווירנאַל רייטס". דאָס הייסט, אַז די מעמבערס צאָהלען פאַר דעם טויטען פאָנד ניט אַלע גלייך, נאָר לויט דעם עלטער אין וועלכען זיי זיינען אריינ־געקומען אין דעם אַרבייטער רינג. דיעזע סיסטע־מע איז באַגרינדעט אויף וויסענשאַפטליכע אונ־טערזוכונגען און וועלכע שטעלט אַוועק די אָרגאַ־ניזאַציאָן אויף אַזאַ זיכערען באָדען אַז ניט קו־קענדיג אויף דעם וואָס די אָרגאַניזאַציאָן ווערט עלטער און עלטער, וועט דאָך דער רעזערוו פאָנד, פון וועלכען מ'וועט דאַרפען צאָהלען די צוקונפ־טיגע טויטען בענעפיטען צו די יורשים פון די מעמ־בערס, זיין אַזוי געזיכערט און אַזוי שטאַרק ווי מעגליך, אין דער צייט ווען אין די מייסטע אָרדענס, איבערהויפט די אידישע, איז דיעזע סיסטעמע ניט איינגעפיהרט. און אַזוי ווי מיט דעם עלטער ווערען די טויטעפעלע גרעסער, מוזען זיך אויך פאַרגרע־סערען די צאָהלונגען פאַר דעם טויטען פאָנד, און עס ברענגט דערצו, אַז וואָס עלטער די מעמבערס ווערען, אַלץ מעהרער לאַסטען וועלען זיי דאַרפען טראָגען, און עס פאַרשטעהט זיך אַז דאָס קען ברענגען צו זעהר שלעכטע רעזולטאַטען:

די אינגערע מעמבערס, וועלכע קענען זיך אָנ־שליסען אָן אַנדערע אָרדענס, וואו די צאָהלונגען זיינען נאָך ניט אַזוי הויך, וועלען פאַרלאָזען די

ארגאניזאציאן. די עלטערע מעמבערס, פאר ווע־ מען עס וועט איבערבלייבען צו טראגען די שווערע משא וועלען איינפאך ניט זיין אימשטאנדע צו טראגען אויף זיך דעם שווערען יאך און וועלען זיך מוזען לאזען שטרייכען. דער ארבייטער רינג, אלס ראדיקאלע ארגאניזאציאן, און איבער־הויפט אלס אן ארבייטער ארדען, האט ניט געקענט בליי־ בען ביי אזא סיסטעמע פיהלענדיג זיין פאר־ אנטווארטליכקייט צו די איבערגעבליבענע אלמנות און יתומים. דאריבער האט ער איינגעפיהרט דיעזע וויסענשאפטליכע סיסטעמע, אז זיינע פאנדס זאלען זיין צו יעדער צייט געזיכערט און זיין אימ־ שטאנד אויסצוצאהלען יעדען סענט וואס ער וועט זיין שולדיג.

יעדער רעכט דענקענדער מענש, יעדער ארביי־ טער, וועלכער צאהלט אינשורענס און וויל אז זיין אינשורענס זאל זיין גאראנטירט, האט ניט קיין אנדער פלאן ווי נור אין דעם ארבייטער רינג. דער ארבייטער רינג איז דער איינציגער אידישער אר־ דען, וועלכער האט אזא זיכערען פאנד, אזא גרוי־ סע מעמבערשיפ און האט אלע זיינע בענעפיטס פארזיכערט.

---

הויך אויף די קעטסקיל־בערג שטעהט דעם ארביי־ טער־רינג'ס שעהנער טורעם־מאנומענט — דער סאני־ טאריום. אבער די זעקס הונדערט און פופצעהן גרא־ ניטען וואס האלטען איהם אונטער זיינען צושפרייט איבער אלע בערג און טאלען פון די פאראייניגטע שטא־ טען.

---

עס איז תושך — פינסטער. ביז וואנען די זון וועט נאך אויפגעהן דארף מען דערווייל האבען א לאנ־ טערן. עס איז שלעכט און ביטער און ביז וואנען סא־ ציאליזם וועט אויסגעקעמפט ווערען דארף מען האבען די שטיצע און הילפע פון ארבייטער־רינג.



רוהע־שטונדען פון די פּאַציענטען

# 3טע קלאַס מעמבערס.

דער אַרבייטער רינג האָט אַ ספּעציעלע קלאַס, וועלכע רופט זיך 3טע קלאַס מעמבערס. צו דיעזען קלאַס קענען באַלאַנגען פרויען פון מעמבערס. זיי דאַרפען ניט צאָהלען פאַר אַלע פאָנדס. זיי קענען זיין פארזיכערט נאָר פאַר טויטען בענעפיט פון $200.00, און פאַר דיעזען פאָנד צאָהלען זיי דורכ־שניטליך פער קוואַרטאַל צווישען 36 און 40 סענט.

דיעזע ספּעציעלע פּריווילעגיע איז געגעבען געוואָרען אום די מעמבערס זאָלען זעהן אַז אויך זייערע פרויען זאָלען פאַר די קלענסטע סומע געלד האָבען אַ מעגליכקייט צו באַלאַנגען צו דיעזער אָרגאַניזאַציאָן און צוזאַמען מיט זייערע מענער, ברידער און שוועסטער אַרבייטען פאַר איין גרויסען אידעאַל, פאַר העכערע און שהנערע פּרינצי־פען. די פרוי, באַלאַנגענדיג מיט דעם מאַן צו איין אָרגאַניזאַציאָן, פיהלט אַ אינערליכע פאַרבינ־דונג צווישען איהר און איהר מאַן; זיינע אינטע־רעסען ווערען אויך איהרע אינטערעסען; זיינע אידעאַלען ווערען אויך איהרע אידעאַלען.

די 3טע קלאַס מעמבערס קענען אויך באַלאַנגען צום סאַנאַטאָריום פאָנד. דאָס הייסט, אין פאַל זיי ווערען קראַנק אויף קאָנסאָמפּשאָן, זאָלען זיי האָבען אַ רעכט אַריינגענומען צו ווערען אין דעם

אַרבײטער רינג סאַנאַטאָריום גלײך מיט אַלע אַנ־דערע מעמבערס, און זײ דאַרפען אין אַזאַ פאַל צאָהלען פאַר דעם סאַנאַטאָריום פאָנד, וואָס באַ־טרעפט אַרום 45 סענט אַ קוואָרטאַל. דאָס שליסט אויך אַרײן די פּריווילעגיע, אַנשטאַט צו געהן אין סאַנאַטאָריום, צו נעהמען $200.00 קאָנסאָמפּשאָן בענעפיט.

פרויען פון מעמבערס פון דעם אַרבײטער רינג לאָזט ניט דורך אַזעלכע גלענצענדע געלעגענהייטען און שליסט זיך אָן אַן אַרבײטער רינג. ווערט מיטהעלפער פון אײערע מענער אין זײער קאַמפּף פאַר אַ ליכטיגערע און שעהנערע צוקונפט.

---

און האָסט דו אַלײן קײן מעגליכקײט נישט אױפ־צובױען אַ רײכערען נעסט, װאו דײן פאַמיליע זאָל געשיצט װערען פון שטורעם און געװיטער — העלף אונז בױען דעם אַרבײטער־רינג, דעם אַלגעמײנעם, זיכערען און גרױסען נעסט.

---

װי דו זאָלסט נישט זײן קלוג, אנציהענד און ליעב־ליך און אױסערגעװעהנליך ערפאָלגרײך אין ערװערבען זיך פיעלע פרײנד, װעסט דו אָבער קײנמאָל נישט קע־נען אָנװײזען אױף אַזױ פיעל אמת׳ע גוטע פרײנד, װי עס האָט דער געװעהנליכער מעמבער פון אַרבײטער־רינג.

---

אַרבײטער־רינג פרײנדשאַפט איז אָהן אַ מאַסקע און אָהן אַ לאַסקע...

# דער סאַנאַטאָריום פון אַרבייטער רינג.

---

דער אַרבייטער רינג איז אַ ראַדיקאַלער אידי־שער אַ ר ב י י ט ע ר אָ ר ד ע ן. דער פּראָצענט פון שווינדזיכטיגע איז צווישען אַ ר ב י י ט ע ר פיעל גרעסער, ווי צווישען נ י ט אַ ר ב י י ט ע ר. אין אַמעריקא שטאַרבט יעדע 4 מינוט אַ מענש פון שווינדזוכט. און דער אַרבייטער רינג האָט זיך געשטעלט די פראַגע: וואָס זאָל טון אַ מיטגליעד פון אָרדען, וואָס ווערט אָנגעשטעקט פון דער קראַנק־הייט?

דער איינציגער, בעסטער מיטעל צו קורירען שווינדזוכט איז פרישע, געזונדעט לופט; נאַר־האַפטע, געזונדע שפּייז; מעדיצינישע באַהאַנד־לונג. וואו זאָל דאָס דער אָרימער אַרבייטער נעהמען? פאָהרען אין קאָלאָראַדאָ איז פאַר איהם אונמעגליך, אוועקפאָהרען אין די קעטסקיל בערג קאָסט וועניגסטענס 16־18 דאָלאַר אַ וואָך, אוי־סער מעדיצינישע באַהאַנדלונג. און וואו איז די פרוי, וואו זיינען די קינדער? פון וואַנען זאָ־לען זיי לעבען? אַ חוץ דעם, איז ניט אין אַלע באָארדינג הייזער, נעהמט מען אַריין קראַנקע, און די וואָס נעהמען יאָ אַריין, הייסען זיך גוט באַצאָה־לען, און ערשט דאָרט זיינען די סאַניטאַרע באַדינ־גונגען ניט קיין גוטע.

דאָס אַלעס האָט דער אַרבייטער רינג גענומען אין אָנבעטראַכט און באַשלאָסען צו בויען אַן איי־גענעם סאַנאַטאָריום.

ווען אַ מעמבער פון אַרבייטער רינג ווערט קראַנק אויף קאָנסאָמפּשאָן, ווערט ער אַריינגענו־

מען אין סאַנאַטאָריום אויף 9 מאָנאַטען — אַלעס פריי. אויסער דעם קריגט נאָך דער מעמבער זיינע רעגולערע וועכענטליכע קראַנקען־בענעפיט. אויב ער איז פאַרהייראַט, איז דאָס אַ הילף צו דער עק־זיסטענץ פון דער פרוי און קינדער; אויב דער מיטגליעד איז ניט פאַרהייראַט, שפּאָרט ער עס אָפּ און האָט אַביסעל געלד נאָכדעם ווי ער געהט אַרויס פון סאַנאַטאָריום.

וואָך איין, וואָך אויס, קומען אין אָפּיס פון אַרבייטער רינג אויטסייד מענער און פרויען, וואָס בעטען אריינצונעהמען זייערע נאָהענטע קרובים אין סאַנאַטאָריום אַלס באַצאָהלטע פּאַציענטען.

ווען מען ערקלערט דיעזע אומגליקליכע, אַז פאַר קיין פּרייז, פאַר קיין געלד קען מען זיי ניט אַריינ־נעהמען, אַז דער סאַנאַטאָריום איז בלויז פאַר מעמ־בערס פון אַרבייטער רינג, טוט זיי שטאַרק באַנג, וואָרום זיי זיינען פריהער ניט געוואָרען מיטגליע־דער פון דעם אָרדען.

פרויען און קינדער פון מעמבערס ווערען אַריינ־גענומען אַלס באַצאָהלטע פּאַציענטען פון סאַנאַ־טאָריום.

## וויפיעל קאָסט אויפהאַלטען דעם סאַנאַטאָריום?

מיט לופט אַליין קען מען ניט לעבען, און דער אַרבייטער רינג סאַנאַטאָריום גיט אויך די פּאַצי־ענטען אויסער מעדיצינישע באַהאַנדלונג און אַלע נויטיגע באַקוועמליכקייטען — די בעסטע און פריי־שעסטע פּראָדוקטען, פון וועלכע עס ווערען צוגע־גרייט די שעהנסטע מאכלים אונטער העכסט סאַ־ניטאַרע אומשטענדען.

יעדען פּאַציענט אויפהאַלטען (בלויז עסען און מעדיצינישע באַהאַנדלונג) קאָסט אַרום $3.28 אַ טאָג. אַ חוץ דעם ווערט יעדען יאָהר אויסגעגעבען

היבשע טויזענדער דאָלאַר אויף האַלטען אין אָרד־נונג די געביידעס, אויף אויסבעסערונגען אין די געביידעס, אויף פאַרשעהנערען דעם אַנשטאַלט אין אַלגעמיין און דאָס גלייכען.

איידער דער סאַנאַטאָריום איז געגרינדעט געווארען האָט אַ ספּעציעלע אונטערזוכונגס קאָמיטע באַריכטעט צו דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיווע פון אַרבייטער רינג, אַז אויפהאַלטען אַזאַ אַנשטאַלט וועט זיין פאַרבונדען מיט אונגעפעהר 6,000$ אַ יאָהר. דער סאַנאַטאָריום האָט זיך אָבער אין פאַרלויף פון דער צייט אַזוי ענטוויקעלט, אויסגעברייטערט און פאַרגרעסערט, אַז אויפצוהאַלטען איהם קאָסט יעצט פון 75,000$ ביז 85,000$ אַ יאָהר.

## ניט קיין טשאַריטי, נאָר אַ היים.

אין סאַנאַטאָריום זיינען דאָ פּאַציענטען פון אַלע ווינקעלעך אין די פאַראייניגטע שטאַאַטען. זיי טרעפען זיך דאָ אַלס מעמבערס פון אַרבייטער רינג, וועלכע האָבען איין געמיינשאַפטליכען אינטערעס — צו ערהאַלען זייער געזונד, און דער גייסט פון פריינדשאַפט און ברידערליכקייט שמעלצט זיי דאָ צוזאַמען אין אַ משפחה פון דערוואַקסענע מענשען.

פון די באַהאַנדלונגען און אַלגעמיינע באַציהונגען, — סיי פון די דאָקטוירים סיי פון די אַנגעשטעלטע, — פיהלען די פּאַציענטען, אַז זיי זיינען אין אַ אייגענער היים, ווייל אין ארבייטער רינג סאַנאַטאָריום שוועבט ניט דער קאַלטער גייסט פון טשאַריטי.

## פאַרוויילונגען.

פיעלע האָבען אַ באַגריף, אַז דער סאַנאַטאָריום איז אַ מין האָספּיטאַל, וואו עס ליגען קראַנקע פּאַציענטען. דער פאַקט אָבער איז, אַז אין סאַנאַ־

טאָריום געפינט זיך אימער זעהר אַ קליינע צאָהל פּאַציענטען אין האָספּיטאַל. די איבעריגע פּאַציענטען זיינען פּונקט ווי געוועהנליכע געזונדע מענשען, מיט דעם אונטערשיעד וואָס זיי זיינען אונטער מעדיצינישער אויפזיכט צו פיהרען אַ נאָרמאַלען לעבען, צו עסען צו דער צייט, צו רוהען גענוג, צו זיין שטענדיג אויף דער פרישער לופט.
א. ד. ג.

אויף וויפיעל זייער צייט איז אויסגערעכענט, ווען צו רוהען, ווען צו שלאָפען, ווען צו עסען, בלייבט נאָך אַלץ ביי זיי אַביסעל לעהרע צייט. כדי אויסצופילען דיעזע צייט, כדי אַריינצוטראָגען לעבען אין דער אַלטעגליכקייט פון סאַנאַטאָריום כדי אויפצומונטערען די פּאַציענטען, ווערען אָנגענומען מיטלען צו האָבען פאַרוויילונגען אַזוי אָפט, ווי מעגליך. אויסער דעם, וואָס די פּאַציענטען אַליין, מיט דער הילף פון אייניגע אָנגעשטעלטע, פיהרען אַלע מאָל אויף לייכטע פּיעסען, ווערען אויך אַראַנזשירט קאָנצערטען, לעקטשורס און ליטעראַרישע אבענדען.

די לעצטע צייט איז איינגעפיהרט געוואָרען צו צייגען מואווינג פּיקטשורס פאַר די פּאַציענטען איין מאָל אַ וואָך. אויך איז איינגעפיהרט געוואָרען אַ קלאַס צו לערנען די פּאַציענטען לעזען און שרייבען ענגליש.

אין סאַנאַטאָריום איז דאָ אַ ביבליאָטעק פון אידישע, ענגלישע און רוסישע ביכער, מיט וועלכע די פּאַציענטען באַנוצען זיך.

---

אין אַרבייטער־רינג העלפט איהר זיך אַליין. אין צדקה־אַנשטאַלטען העלפען אייך אַנדערע — באַשפּייען...

# דער אַרבייטער רינג.

---

615 ברענטשעס פאַנאַנדערגעצווייגט איבער'ן גאַנצען לאַנד — אין מזרח און אין מערב, אין צפון און אין דרום!

---

615 שולען, וואו די אידישע אַרבייטער לערנען דעם וויכטיגען לעסאָן פון אַרבייטער־סאָלידאַריטעט.

---

615 קולטור־צענטרען.

---

אַ גרויסער און פעסטער רינג, וואָס נעהמט אַרום אין אַ ברידערליכען בונד צעהנדליגע טויזענדע אידישע פאַמיליען — דאָס איז דער אַרבייטער רינג.

---

אַלע פאַר איינעם און איינער פאַר אַלע — דאָס איז דער הויפּט־פּרינציפּ פון אַרבייטער רינג.

---

ווען איהר ווערט אַ מיטגליעד אין אַרבייטער רינג, ערפילט איהר אַ פליכט צו זיך, צו אייער פאַמיליע און צו אייער קלאַס.

---

געגענזייטיגע הילף, געגענזייטיגע פריינדשאַפט, געגענזייטיגע אויפקלעהרונג און געמיינשאַפטליכער קאַמפּף פאַר דער באַפרייאונג פון אַרבייטער קלאַס — דאָס זיינען די פיער הויפּט־יסודות פון אַרבייטער רינג.

# איינטריטס־געלד פאַר נייע מעמבערס.

---

1) 1טע קלאַס, אַלע בענעפיטס און 400 דאָ־לאַר טויטען בענעפיט, איינטריטס־געלד 4 דאָלאַר.

2) 2טע קלאַס, אַלע בענעפיטס און 200 דאָל. טויטען בענעפיט, איינטריטס־געלד 2 דאָלאַר.

3) 3טע קלאַס, קיינע אַנדערע בענעפיטס, נור 200 דאָלאַר טויטען בענעפיט, איינטריטס־געלד 2 דאָלאַר (אין דיעזער קלאַס ווערען אַריינגענומען נור די פרויען פון די מעמבערס).

4) 4טע קלאַס, אַלע בענעפיטס און 100 דאָ־לאַר טויטען בענעפיט, איינטריטס־געלד 1 דאָלאַר.

---

דער אַרבייטער־רינג — דאָס איז איינע פון די גע־לונגענסטע פאָרמען, אין וועלכער אַ טייל פון דער אַר־בייטער־באַוועגונג אין אַמעריקא האָט זיך אויסגעגאָסען און עס ווענדעט זיך אָן איך אַרבייטער, צו געבען דיעזער פאָרמע דעם שענסטען און רייכסטען אינהאַלט. דער אַרבייטער־רינג — דאָס איז דער שטאָלץ פון דער אידישער אַרבייטער־באַוועגונג. דאָס איז די היים פאַר יעדען אַרבייטער, זיין גייסטיגער רוהע־פּלאַץ, זיין אוני־ווערסיטעט.

וואָס יעדער מעמבער צאָהלט דורכשניטליך פער קוואַרטאַל לויט זיינע יאָהרען, ווען ער איז אריין אין אַרבייטער רינג.

| יאָהרען | קל. 1 | קל. 2 | קל. 3 | קל. 4 |
|---|---|---|---|---|
| 18 | $2.53 | $2.17 | $0.42 | $1.99 |
| 19 | $2.53 | $2.17 | $0.42 | $1.99 |
| 20 | 2.57 | 2.19 | .44 | 2.00 |
| 21 | 2.57 | 2.19 | .44 | 2.00 |
| 22 | 2.57 | 2.19 | .44 | 2.00 |
| 23 | 2.57 | 2.19 | .44 | 2.00 |
| 24 | 2.61 | 2.21 | .46 | 2.01 |
| 25 | 2.61 | 2.21 | .46 | 2.01 |
| 26 | 2.61 | 2.21 | .46 | 2.01 |
| 27 | 2.61 | 2.21 | .46 | 2.01 |
| 28 | 2.65 | 2.23 | .48 | 2.02 |
| 29 | 2.65 | 2.23 | .48 | 2.02 |
| 30 | 2.65 | 2.23 | .48 | 2.02 |
| 31 | 2.69 | 2.25 | .50 | 2.03 |
| 32 | 2.69 | 2.25 | .50 | 2.03 |
| 33 | 2.69 | 2.25 | .50 | 2.03 |
| 34 | 2.73 | 2.27 | .52 | 2.04 |
| 35 | 2.73 | 2.27 | .52 | 2.04 |
| 36 | 2.77 | 2.29 | .54 | 2.05 |
| 37 | 2.77 | 2.29 | .54 | 2.05 |
| 38 | 2.81 | 2.31 | .56 | 2.06 |
| 39 | 2.81 | 2.31 | .56 | 2.06 |
| 40 | 2.85 | 2.33 | .58 | 2.07 |
| 41 | 2.89 | 2.35 | .60 | 2.08 |
| 42 | 2.89 | 2.35 | .60 | 2.08 |
| 43 | 2.93 | 2.37 | .62 | 2.09 |
| 44 | 2.97 | 2.39 | .64 | 2.10 |
| 45 | 3.01 | 2.41 | .66 | 2.11 |



# די בענעפיטס פון „אַרבייטער רינג“.

דער אַרבייטער רינג צאָהלט פאָלגענדע בע־נעפיטס:

6 דאָלאַר א וואָך קראַנקען בענעפיט (די גרעס־טע צאָהל ברענטשעס צאָהלען פון זייער קאַסע פון 3 ביז 4 דאָלאַר א וואָך עקסטרא בענעפיט).

פון 100 ביז 400 דאָלאַר טויטען־בענעפיט.

9 מאָנאַטען סאַניטאַריום אדער 200 דאָלאַר קאָנסאָמפשאָן בענעפיט.

---

דער אַרבייטער רינג איז דער גרעסטער, זיכער־סטער ראַדיקאַלער אידישער אַרבייטער אָרדען אין דער וועלט.

---

דער אַרבייטער רינג האָט 62,000 מעמבערס און 615 ברענטשעס אין די פאַראייניגטע שטאַאַטען און קענעדע.

---

פארמאָגט א 1,000,000 דאָלאַר.

---

מעמבערס ווערען אריינגענומען אין עלטער פון 18 ביז 45 יאָהר

